



**אבאנאמענטס־פרייז:**
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר .6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“ יעהרליך 12.50 קראנען; .11.20 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

**די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:**
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Krakauergasse 12.

## א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.

ערשיינט יעדע וואך

**רעדאקטארען:**

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג:
**מ. ספעקטאר.**

פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט.
**ד"ר ח. ד. הורוויץ.**

**פערלאג „פאלקס־בילדונג“.**

**אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:**
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“ נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50 רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העללער.

**פרייז פיר מודעות (אנציינען):**
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ. 40 העללער, 50 פפעניג.

**די אדרעסע פיר רוססלאנד:**
Издательство „ТУШІЯ“
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.

**Krakau, 24 September 1902.** **Nr. 13** **קראקוי, כ"ב אלול, תרס"ב.**




## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיט דיעזער נומער ענדיגט זיך דער אבאנאמענט פאר די וואס האבען איינגעצאהלט אויף א פיערטעל יאהר.

מיר בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנעמענט־פרייז פאר דעם צווייטען פיערטעל יאהר, כדי די ווייטערדיגע נומערען זאלען קענען געשיקט ווערען פונקטליך אין דער צייט.

פאר די „יודישע פרויען־וועלט“ אליין 75 קאפ.
„ „ „יודישע פאלקס־צייטונג“ — 1 רובל.
פאר ביידע צוזאמען 1.25 „

**די אדמיניסטראציע.**

## די פרויען אויף די מינסקער אסיפה.

עס איז דא א לעגענדע, אז ווען גאט האט געגעבען משה רבנו די תורה, האט ער איהם געהייסען פריהער געהען צו די פרויען. „ווען זיי וועלען מסכים זיין, האט גאט געזאגט, ביזט דו זיכער, אז די מענער וועלען די תורה אננעהמען, אבער אהן זיי ווייסט דו גאר נישט מאכען“. די זעלבע מיינונג, נאר אויף אנ'אנדערען אופן זאגען איצטער פערשיעדענע געלעהרענטע: ווען מען וויל וויסען ווי א פאלקס־בעוועגונג ענטוויקעלט זיך, זאל מען זעהען, וועלכען אנטהייל די

פרויען נעהמען אין דער בעוועגונג. אצונד אויף די גרויסע ציוניסטישע אסיפה אין מינסק האבען מיר זיך געקענט איבערצייגען, אז אונזער פאלקס־בעוועגונג, דער ציוניזם, האט אין די לעצטע פאר יאהר געמאכט זעהר גרויסע פארטשריטע און האט זיך שטארק ענטוויקעלט.

די פרויען, וועלכע זענען געוועזען פאר צוויי יאהרען אויף דעם פיערטען קאנגרעס אין לאנדאן, האבען נאר געדינט אלס דעקאראציע־מיטעל, מען זאל חס ושלום ניט פארגעסען, אז א חוץ די מענער, עקסיסטירט נאך די צווייטע העלפט מענשהייט, די פרויען.

גאנץ אנדערש איז געוועזען אין מינסק: גאנץ אנדערע פרויען האבען מיר געזעהען אויף דער דארטיגער אסיפה. די ציוניסטקעס פון דער מינסקער אסיפה פערשטעהען כמעט אלע זעהר גוט דעם ציוניזם, זענען געבילדעטע, ענטוויקעלטע פרויען און גוטע ארבייטערינען אין אונזער בעוועגונג. די דאזיגע ציוניסטקעס פערשטעהען כמעט אלע העברעאיש, אינטערעסירען זיך מיט דער יודישער ליטעראטור, און ארבייטען גלייך מיט די מענער פאר אונזער גרויסען אידעאל. די פרויען, וועלכע זענען אויפגעטרעטען צו רעדען פון דער בימה האבען גערעדט ניט וועניגער לאגיש ווי די מענער.

פרוי חמדה בן־יהודה האט מיט הייסע ווערטער דערמאהנט, אז אויף א גרויסע ציוניסטען־פערזאמלונג, געפינט זי, אז מען רעדט זעהר וועניג וועגען ארץ ישראל, דער תכלית פון אלע אונזערע וואונשע. פריילען יפה האט געלעזען איין אויסגעצייכענטען רעפעראט איבער די מעדכען־שולע אין יפו. זי האט מיט ריכטיגע פארבען געשילדערט, ווי די יפו'ער מעדכען־שולע איז געגרינדעט געווארען, די גלגולים, וועלכע די שולע האט איבערגעלעבט, איהרע וואנדערונגען פון איין בעל־הבית צום אנדערען, פון איין רשות אין צווייטען; פון אדעסער קאמיטעט צו דער „אליאנס": פון איהר צו וויסאצקי א.ז.וו. זי האט אויך געשילדערט די שלעכטע ווירקונג פון אזויגע גלגולים אויף דעם גייסט פון דער שולע און די שילערינען. מיט הייסע ווערטער האט זי געבעטען די גאנצע פערזאמלונג, ווי ווייט מעגליך צו שטיצען די מעדכען־שולע אין יפו, וועלכע געפינט זיך היינט, סאי מאטעריעל, סאי מאראליש אין זעהר א שלעכטען צושטאנד. זי האט דערצעהלט, ווי פיעל נוטצען די שולע האט געבראכט אין דער קורצער צייט פאר אונזער נאציאנאל־גייסט. זי האט ערקלעהרט, אז נאציאנאלע מעדכען־שולען ברענגען פיעל מעהר נוטצען ווי קנאבען־שולען. זיי זענען נייטיג אלס ערציהונגס־אנשטאלטען פאר יודישע מוטער. די ערציהונג פון פרויען אין נאציאנאלעם גייסט איז זעהר א וויכטיגער פאקט אין אונזער בעוועגונג. נאר די פרויען קענען אריינברענגען דעם ריכטיגען נאציאנאלען גייסט אין זייערע הייזער, אין זייערע פאמיליען, און דאס פערגעסען די מענער אפילו אויף זייערע ציוניסטישע אסיפות. בכן פאדערט זי דורכאויס, אז די יפו'ער מעדכען־שולע זאל אונטערשטיצט ווערען. דען נאר פון די פרויען הענגט אב דער פארטשריט אין יעדער פאלקס־בעוועגונג, ווען שוין ניט מעהר, אבער אזוי פיעל נוטצען ווי די מענער קענען זיי געוויס ברענגען.

אויך אונזערע פיהרער, אונזערע פארשטעהער הויבען אן צו פערשטעהען די וויכטיגקייט פון פרויען־ארבייט פאר אונזער אידעע. דער ה' אוסישקין אין זיין רעפעראט איבער ארגאניזאציע, האט אויך גערעדט וועגען פרויען־פראגע. ער געפינט אויך אז צווישען די פרויען ענטוויקעלט זיך אצונד זעהר שטארק די ציוניסטישע בעוועגונג. עס ארגאניזירען זיך פרויענפעריינע אין פיעלע פונקטען. די אלגעמיינע ארגאניזאציע קען זיי ניט פיעל צייט שענקען, אבער אויף יעדען פאל האלטען זיי עס פאר זייער חוב די פרויענפעריינע ווי ווייט מעגליך צו אונטערשטיצען. נישט לאנג האבען זיי בעקומען א פארשלאג, אז אין אקציאנס־קאמיטעט זאל אויך איינע פרוי אלס מיטגליעד אויפגענומען ווערען. דער ה' אוסישקין האלט זעהר פאר פרויענעמאנסיפאציע, אבער דאך, געפינט ער, אז אזא פריווילעגיע איז איין ערניעדריגונג. זאלען נאר די פרויען אנהויבען טיכטיג און ערנסט צו ארבייטען, זאלען זיי

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

אראמאן אין צוויי טהייל

פון

## שלום־עליכם.

(פארטזעטצונג).

XI.

### פון דער בת־מלכה צום בן־מלך.

אז איהר וועט קומען צו פאהרען צו אונז קיין מאזעפעווקע, וועט איהר זעהען סאמע אין מיטען מארק א גרויסען מויער א רויטען מיט א סך קלייטען און קאמערען געמויערטע, און אז איהר וועט א פרעג טהון: וועמענס מויער איז דאס? וועט מען אייך זאגען: ס'איז דעם גביר'ס. — וואסער גביר'ס דארפט איהר שוין ניט פרעגען, ווארום דאס איז דער גרעסטער און דער איינציגער גביר אין מאזעפעווקע. פון דרויסען איז דער מויער אפילו נישט אזוי שען, די ארכיטעקטור נישט אזוי פוינעלדיג, און די באלקאנעס מיט די פענסטער קוקען גלייך אין דער בלאטע ארויס, אין דער געוויסער מאזעפעווער בלאטע, וואס האט א שם אויף דער וועלט, וואס אויף איהר זאגט מען אין מאזעפעווקע, אז פונ'ם מבול אן, וואס איז געווען אין נח'ס צייטען, האט זי נאך נישט געפרובט אויסגעטרוקענט ווערען אפילו אויף איין טאג...

דערפאר אבער אינוועייניג, אז איהר וועט אריינקומען אין שטוב אריין, וועט איהר געפונען שפיגלען ביז דער סטעלי, גוט בעפינטעלט פון פליגען, שאפעס גוטע, שענע, וואס זענען געמאכט געווארען אויף ספרים אדער אויף ביכער, נאר דערווייל זענען זיי ליידיג; עס ווארפט זיך דורך איין אלטער מחזור אהן טאוולען, א סליחה און א הגדה געבונדען אינאיינעם וכדומה; א טהייערער א קיילעכיגער טיש פון רויטהאלץ אויסגעברענט א פלעק אין מיטען פון א הייסער גלאז טיי, לאמפען די בעסטע, נאר שטארק פארפאראשטע, ביינקליך און פאטעלען אויסגעצייכענטע נאר מיט פיסליך אויסגעדרעהטע, זיידענע פארהאנגען מיט פלעקען, סאמעטענע קאוויארען, אלערליי טעפ מיט קווייטען און צאצקעס אהן א שעור, און א טהייער פארטעפיאן שטעהט ביי דער וואנט. אויף דער אויבערשטער דעק ליגט א שען ביסעל שטויב. דער דאזיגער פארטעפיאן שטעהט און ווארט טאמער וועט

עס נאר פערדיענען, וועט מען זיי געווים וועהלען, אבער טובות, חסדים דארפען זיי אליין ניט וועלען.

אויך דער ד"ר ח. ד. הורוויץ אין זיין רעפעראט איבער עקאנאמיע האט בעריהרט די פרויענפראגע. ער זאגט: „דאס אנטהייל נעמען פון די פרויען איז די ריכטיגסטע מאס פאר די שטארקייט פון יעדער בעוועגונג. די פרוי קלערט לאנג ביז זי ענטשליעסט זיך אין א פאלקס-בעוועגונג איין אנטהייל צו נעמען. צוריקגעצויגען, פערשלאסען אין איהר הויז, שטעהט זי פון ווייטען און איז זיך נוקם אין די, וועלכע האבען זי צוריקגעשטויסען פון אלע פאלקס-ארבייט. אבער אין דעם ארט, וואו זי הערשט, האנדעלט זי עהרליך, איבערגעגעבען. איהר ליעבע איז פיעל שטארקער, טיעפער ווי די מאנסבילשע. קיינער איז ניט אים שטאנד אזוי זיך מוסר נפש זיין פאר איין אידעע ווי די פרוי. קוים דערגעהט איין אידעע צו דער פרוי, צו דער פאמיליע, זענען די פרויען שטענדיג די בעסטע, די איבערגעבענסטע ארבייטער. ווען אבער דער גרעסטער טהייל פרויען פערשטעהען נאך ניט די אידעע, טרעטען נאך ניט אין אונזערע שורות, דעמאלט האבען מיר קיין שום רעכט אונזער בעוועגונג צו רופען פאלקס-בעוועגונג. דער פאקט, אז מען האט זיך אנגעהויבען מיט אונז צו רעכענען, ווייזט אונז גענוג, אז מיר קענען ארבייטען און עס דארף אונז באמת צו ארבייט אויפמינטער'ן.

בשעת דער אסיפה האבען די פרויען קיין בעזונדערע פרויענזיטצונגען ניט געהאט. נאר שבת, דעם דריטען טאג פון דער אסיפה, האבען מיר געהאט א פרויענזיטצונג ביי חמדה בן-יהודה. די הויפטפראגע, ארום וועלכע עס האט זיך געהאנדעלט בשעת די גאנצע זיטצונג איז געווען צו מען מוז האבען ספעציעלע פרויענפעריינע, אדער מען קען ארבייטען אין ציוניזם צוזאמען מיט די מענער. נאך פיעלע בעווייזע האט זיך ארויסגעשטעלט, אז ספעציעלע פרויענפעראיינע האלטען זיך שלעכט, האלטען זיך כמעט אלע נישט לאנג. אונזערע בעוועגונג איז נאך בכלל זעהר יונג, דער אנטהייל פון פרויען דארין איז נאך גאר נײ, און מיר מוזען מודה זיין, אז מיר האבען נאך אין אונזערע בעוועגונג ווענינג פרויען, וועלכע זאלען ווירקליך פעהיג זיין צו זיין פארשטעהערינען פון א פעראיין. מיר זענען נאך אין דער זאך שול-קינדער, מיר מוזען עס צוערסט לערנען, און דער ציוניזם זאל אונזערע שולע ווערען. מיר מוזען פריהער פיעל גוטע רעדען הערען, כדי זיך אליין די רעדעקראפט אנצושאפען. ביז דאמאלס קענען מיר געהן אין ציוניזם מיט די מענער צוזאמען. ווי עס האט זיך ארויסגעוויזען, זענען ווירקליך כמעט אלע דעלעגירטע דאמען צו דער אסיפה פארשטעהערינען פון מענער-אדער ווענינגסטענס פון געמישטע פעראיינען. נאר צוויי דריי דאמען זענען פון פרויענפעראיינען דעלעגירט. דער דאזיגער פונקט איז געווען וויכטיג גענוג, אום צו בעווייזען, אז מיר דארפען אונז לעת עתה ניט אין ספעציעלע פרויענפעראיינע ארגאניזירען.

די ערשטע רוסישע ציוניסטישע אסיפה האט פיעל פרויען צו אונזער נאציאנאלע ארבייט ארויס גערופען. מיר וועלען האפען, אז מיט יעדעם יאהר וועט זיך די צאהל פון די ארבייטערינען פאר אונזער גרויסען אידעאל פערגרעסערען.

פועה ראקאווסקי.

---

# די פרויען-וועלט.

## אלגעמיינע נייעס.

(א נייע שולע פאר פרויען). אין פעטערסבורג האט מען געעפענט א נייע שולע פאר פרויען. אין די דאזיגע שולע וועט מען אויסלערנען פרויען צו מאכען פאבריקען, מאלען בילדער און נאך אנדערע מלאכות צו וועלכע פרויען זענען פעהיג.

(פרויען-ארבייט). דער וואהלינער גובערנאטאר האט זיך

---

עמיצער צוגעהן א מאל און וועט אנהויבען אויף איהם קלאפען, וועט ער ניט וועלען ליידען און וועט אנהויבען שרייען מיט א משונה קול: „וואס האט איהר געהאט פון מיין לעבען? וואס האט איהר מיך ארויפגעבראכט א הער צו צווישען פראים, ווילדע מענשען, וואס רייסען נאר טאראבאנען אין דער וועלט אריין?"...

אז איהר וועט אנקלינגען ביי דער טיר וועט אייך אקעגען קומען א משרת, כלומר'שט א לאקיי, א שווארצער בחור איין עזות מחוצף פנים מיט א קויטיגער מאנישקע, מיט געפוצטע שטארק גלאנצענדיגע שטיוועל, מיט איין אויסגעשמירט פעט פנים מיט זיידעס אויף די ווינקלען פונ'ם מויל און מיט תמיד פעטע פארברייטע הענד, און אז איהר וועט איהם עפים פרעגען, וועט ער אייך גלייך ניט ענטפערען, ער וועט אייך עטליכע מאל איבערפרעגען: הא? וואס? און ערשט נאכדעם א זאג טהון: כ'ווייס ניט, און אייך א זעץ טהון מיט דער טיר גלייך אין נאז אריין.

ווער איז דער דאזיגער מאזעפעווקער גביר ווילט איהר וויסען? דאס איז רב לייבעני פישמאן, וואס א מאל, שוין לאנג, גאנץ לאנג האט ער געהייסען לייבקי פישער.

לייבקי פישער איז פשוט געוועזען א יוד א פישער, וואס פלעג ניט היינט געדאכט ארויספאהרען אלע פרייטאג אויפ'ן מארק מיט א גרויסען וואגען פיש. אין יענער צייט איז לייבקי געוועזען א גרויסער חשוב אין שטאדט ביי אלע אונזערע בעל-בית'עס, וואס האבען ליעב, ווי עס איז בעוואוסט דער גאנצער וועלט, אויסחאפען איינע ביי דער אנדערער דעם בעסטען חלק פיש אויף שבת, א שטיינער א לעשטש א היבשען, גוטע שליין פרישע, קארעסלאך, וואס ווארפען זיך נאך, אדער ווייניגסטענס א העכט פון א פונט צעהען פינפצעהן, וואס פאר א נויטה קויפען איהם דריי בעל-בית'עס מיט א מאל. קאן מען איהם „האלבירען אויף דרייען". לייבקי, א געזונטער יוד א רויטער מיט א גרויסע קיילעכיגע בארד, פלעג שטעהן ביים וואגען פיש מיט א גרויסע לעדערנע קעשעני ביי דער זייט, אויסשרייען אויף א קול איבערן גאנצען מארק, שטארק, געקוועטשט אויף דער שין: „עי, פיס. ווייבערלעך, פריסע פיס, צאפעלדיגע!" אין דער זאך איז לייבקי געוועזען א גרויסער מומחה, א בריה נפלא: מיט'ן קוק האט ער געחאפט, וויפיל דער העכט בעדארף וועגען, געוויסט יעדע בעל-בית'טע, וואס און וויפיל זי בעדארף האבען, געהאט פאר איטליכער באזונדער איין אנדער ווערטעל, און אין צוויי שעה צייט האט ער געקאנט אויסברייגען דעם גרעסטען וואגען פיש. לייבקעס ווייב ניטי, א הויכע יודינע און א גראבע, פלעג אויך שטעהן ביים וואגען פיש;

צוגעקוקט צו די ארבייט, וועלכע די פרויען ארבייטען אין די קליי־דער־מאגאזינען און אין די הוט פאבריקען, און האט איינגעזעהען, אז די בעלי־הבתים אדער בעלי־הבית'טעס נוצען צופיעל אויס די ארבייט פון די פרויען. זיי ארבייטען כמעט 18 שעה אין מעת לעת אין איין ענגען שמאלען חדר. דארט עסען זיי, „סעזאן־צייט" אויך פריהשטיק און מיטאג. ער האט בעשלאסען נישט דערלאזען טהון קיין אומרעכט די ארבייטערינס. ער האט ארויסגעגעבען א שטרענגען בעפעהל, צו די פאליציי פון דער שטאדט זיטאמיר, אז זיי זאלען נישט לאזען ארבייטען אין די קליידער־ און הוט־מאגאזינען מעהר ווי 10 שעה און מיטאג זאל מען זיי לאזען געהן אהיים. אויך זאל מען אפט לופטערן די צימערן, וואו די פרויען ארבייטען.

(פרויען אלס אויפזעהערינען). ביי די לעצטע וואהלען צום אויפזיכטסראטה אין דער אמעריקאנישען רעגירונגס־אוניווערזיטעט, זענען אויסגעקליבען געווארען פיער פרויען, אלס אויפזעהערינען.

(א פרויען־אסיפה אין בעלגיען). דער בעלגישער פעראיין „פרויען־רעכט", וועלכער עקזיסטירט שוין 10 יאהר, מאכט דעם היינטיגען סעפטעמבער איין אלגעמיינע פרויען־אסיפה אין בריסעל, אויף וועלכע עס זענען איינגעלאדען געווארען אלע פרעזידענטינען און סעקרעטערינען פון די פרויען־פעראיינען פון בעלגיען און אנדערע לענדער, בכדי זיך צו בעקענען מיט די לאגע פון די פרויען אין בעלגיען און אין אנדערע לענדער.

(וועניג פרויען אין דרום־אפריקא). די ענגלישע בלע־טער ראטהען די פרויען, וואס זיי מאכט זיך נישט לייכט קיין שדוך אין זייער לאנד, זיי זאלען רייזען קיין דרום אפריקא, ווייל דארטען זענען זעהר וועניג פרויען דא, און זיי קענען דארטען בעקומען דעם בעסטען חתן אהן א גראשען נדן. אין די צאהל איינוואהנער פון דרום־אפריקא, וואס האלט אין גאנצען 800,000 זענען די מענער מעהר פאר די פרויען מיט 69 טויזענד.

(איין איינלאדונג פון דער רומענישער קעניגין). דער בעריהמטע רוסישער שריפטשטעלער גראף ל. נ. טאלסטאי האט בעקומען איין איינלאדונג פון דער רומענישער קעניגין, וועלכע איז אויך א שריפטשטעלערין און שרייבט זיך מיט דעם פסיידאנים (אויס־געטראכטער נאמען) קארמען סילוואַ. ער זאל איהר בעזוכען אויף איהר זומער־וואהנונג אין סינאן, דער גראף האט איהר צוגעזאגט צו קומען ווען זיין געזונדהייט וועט איהם נאר ערלויבען.

---

# ליעבע

(ערצעהלונג)

פון

## דוד פינסקי.

(ענדע).

אין טהיר האט זיך בעוויעזען דער קאפ מיט דער אכטקאנטיגער יארמעלקע. די קינדבעטארען האט אויפגעהערט צו דערצעהלען און מיט א שמייכעל א קוק געטהון אויף דער אקושערין, וועלכע האט אנגעטהון איהר פענסנע, אום בעסער איינצוקוקען זיך אין דעם הויכען יונגען מאן מיט דעם עדלען, ווייסען געזיכט, מיט דעם רונדען, בלאנדען בערדיל, קליינע וואנסעליך, געקרייזעלטע פאות'ליך און פינקלענדע בלויע אויגען אונטער לאנגע שווארצע ברעמען. דאס ווייבעל האט איבערגעטראגען איהר בליק אויף איהר מאן, דערנאך צוריק אויף די אקושערין און בעשלאסען, אז ער געפעלט דעם יונגען פריילין. א גליקליכער שמייכעל האט זיך צוגאסען איבער איהר געזיכט.

— וואס ווילסטו? — האט זי געפרעגט דעם מאן מיט א געמאכטען גלייכגילטיגען טאן, נאר אלץ נאך מיט דעם שמייכעל אויף די ליפען.

— געה — האט זי צוגעגעבען, — איך דארף עפיס רעדען מיט דעם פריילין.

נאר ער האט נישט געפאלגט.

— וואס מאכסטו? — האט ער געפרעגט אזוי זיס, אזוי הארציג־ווייך, און איז אריין אין צימער.

— גוט, גוט — האט זי קורץ אבגעענטפערט, — געה, געה.

---

נאר איהר ארבייט איז געווען נישט אזוי דאס פארקויפען, ווי דאס אכטונג געבען — מע זאל ניט מאכען „די רויף", דאס הייסט, מע זאל ניט לקחנען, דאס הייסט מע זאל ניט איינשלונגען אין ארבעל אריין עפיס א העכטעל, ווי עס פלעגט זיך א מאל טרעפען, און אפשר היינט אויך, זיי — זאלען מיר מוחל זיין, צווישען די מאזעפעווקער בעל־בית'טעס... ביי אזא מעשה פלעגט לייבקי נישט לייגען קיין כבוד אויף קיינעם און פלעגט פאטשען מיט'ן העכטעל איבער די פיסקעס גאנץ פראסט און פשוט.

דאס איז אבער אלץ געווען שוין לאנג, א מאל. א צינד הייסט שוין לייבקי מעהר נישט לייבקי פישער, נאר רב לייבעני פישמאן. מיט פיש האנדעלט ער היינט אויך, נאר נישט מיט א וואגען אין מארק; דארטען יערגיץ, אויפ'ן „דאן" האט ער, זאגט מען, געדונגענע אזערעס און סקלאדען אין אלע גרויסע שטעדט, טראנספארטירט „וואבלע", „קאלאדעס", „טאראן", אין די מיליאנען. אין שטאדט איז ער ראש וראשון, האט צו זאגען אויף שוחטים און אויף חזנים און אויף רבנים און אויף תלמוד תורה'ס און אויפ'ן בקור חולים און אויף וואס נישט? די קלענסטע נדבה גיט ער, נאר כבוד קומט איהם מעהר פון אלעמען, ווארום ער איז דער גביר, ער איז דער שיינער יוד, דער חכם, דער תקיף הן ביי דער וועלט והן ביי „נאטשאלסט־ווע"; קיינער וועט זיך ניט דערוועגען זאגען אויף איהם חלילה א שלעכט ווארט, סיידען שוין נאר א גרויסער נאר, אדער נאר א גרוי־סער שייגעץ, פון יענע שטאדט שקצים, וואס זענען גרויסע בריות ביי זיך אין דערהיים צו שטעלען בחדרי חדרים א פייג אונטער דער פאלע...

אויך גיטי הייסט שוין היינט מעהר נישט גיטי, נאר גיטעלע. שבת און וואך טראגט זי א האלז פערעל, וואס אנדערע ווינשען זיך דאס פארמאגען נאר דאס וואס איין שנירעל באטרעפט. אין שול זיצט גיטעלע גאנץ אויבען אן, גוידערט זיך און בלאזט זיך און מיינט טאקי ערענסט, אז קיין גרעסערס, קיין רייכערס, קיין שענערס פון איהר איז נישטא אויף דער וועלט. ווייבער קרוכען איהר אין דער נשמה אריין: „גיטעלע, הארצעניו, נשמהניו, לעבען זאלט איהר!"... און אינוועייניג ביי זיך אין הארצען איז מען איהר געוויינטליך מקנא און מע ווינשעוועט איהר „זי זאל דאס נאר אויסקריינקען רבונו של עולם!"...

(פארטזעטצונג קומט).

— ס'שלאפט? — האט ער געפרעגט און א טייטעל געטהון מיט דער האנד אויף דער וויעג.

— שלאפט, שלאפט, אבער געה דאך, לאז רעדען.

— אט־א באלד.

ער איז צוגעגאנגען צו דער וויעג, האט א קוק געטהון אויף דעם שלאפענדיגען קינד און גליקליך געשמייכעלט.

— ווי עס שלאפט! — האט ער געזאגט מיט התפעלות, א קוק טהוענדיג אויף דעם ווייב, — קליין נפש'ל! — האט ער ארויס־גערעדט מיט גרויס ליעבע, וויעדער קוקענדיג אויף דעם קינד.

— אבער געה דאך!

ער האט נאך אמאל אוועקגעטהון זיין גוטען, צערטליכען בליק אויף דעם קינד, דערנאך אויף דעם ווייב און איז ארויס.

די אקושערין האט אויסגעטהון דאס פענסנע, צוגעפעלעגט עס, א קוק געטהון אויף דעם ווייבעל און צוגעשמייכעלט. דאס ווייבעל, וואס האט געקוקט אויף איהר און געוואַרט מבינות אויפ'ן מאן, האט עס צוגענומען פאר די בעסטע מיינונג. איהרע אויגען האבען אויפגעבליצט; עס האט איהר געקיצעלט, און זי האט פרעהליך געשמייכעלט.

— און ווי ער ליעבט מיך — או־א, סכנות! האט זי וויעדער אנגעהויבען, — דאס לעבען לאזט ער נאך מיר. זאל מיר וועה טהון א פינגער, וועט ער שוין נישט עסען און נישט שלאפען און זיין אויסער זיך. און דאס איז אלץ דערפאר, ווייל איך האב געוואוסט פון אנפאנג אן ווי צו שטעלען זיך. אפילו באלד נאך דער חתונה, ווייסט איהר... די ערשטע צייט, ווייסט איהר... — האט זי אנגעהויבען צו שטאמלען און איז רויט געווארען. — אי, איך וועל אייך דערצעהלען וואס עס איז געוועזען מיט א האלב יאהר צוריק, — האט זי זיך א חאפ געטהון, דורכלאזענדיג עפּיס. — מיט א האלב יאהר צוריק האב איך געדארפט פערברענגען אפאר וואכען אין ווארשא. באלד נאך מיין קומען אהין, האב איך מסתמא אנגעשריבען א בריעף — מען פאהרט דאך עפּיס אוועק פון א שטוב, פון א בעל־הבית'שקייט, מוז מען דאך שרייבען. נו, געהען פאראיבער דריי טעג — פון מיין פייוועלען איז נישטא קיין ענטפער. איך הער, עס געהען מיר אוים די יאהרען, איך ווער שיער משוגע. נאר ווי פערשטעהט איהר, וועל איך איהם עפּיס טעלעגראפירען אדער קברים רייסען? מסתמא נישט. איך האב מיר פערביסען די ליפּען און געשוויגען. שרייבסט נישט, טראכט איך מיר, דארף מען נישט, נור געדיינק־זשע, וועסט שוין חרטה האבען. אויפ'ן פיערטען טאג איז שוין מיט מזל פון איהם א בריעף. ער איז געוועזען בעשעפטיגט מיט א סיום, מיט ענדיגען א מסכתא גמרא. איך ענטפער נישט. דער סיום וואלט דאך נישט ענטלויפען! אין אפאר טעג ארום, עס איז שוין דא וויעדער א בריעף: „וואס איז מיט דיר, פייגעניו־לעבען?״ איך שרייב נישט. בקיצור איך האב אנגעהויבען בעקומען א בריעף נאך א בריעף! ער ווערט משוגע! איך — קיין ווארט. אויפ'ן צוועלפטען טאג — מיין פייוועל איז דא! אריינגעפאלען אין שטוב ווי א טוידטער: „גוואלט, פייגעניו, וואס איז מיט דיר? וואס שרייבסט דו נישט?״ איך האב מיך אויסגעדרעהט צו איהם מיט'ן רוקען און קיין ווארט נישט געזאגט. ער — פייגעניו און פייגעניו, הארצעניו און הארצעניו, און איך — שווייג. און אין דער'אמת'ן צאפּעלט מיר גאר דאס הארץ, עס ווארפט מיך שיער פון שטול, עס ווילט זיך מיר ארויספאלען איהם אויפ'ן האלז, בערוהיגען איהם, אויס־לאכען זיך מיט איהם צוזאמען. איך האלט מיך אבער איין. צולעצט נאר האב איך אויסגעדרעהט צו איהם דעם קאפּ א קוק געטהון מיט איין אויג — אט אזוי א — און ברוגז געזאגט: „פאר וואס האסט דו געשוויגען אויף מיין ערשטען בריעף?״ איהר האט געדארפט זעהן, ווי ער איז דאס געקראכען ביי מיר אונטער די פיס! זעהט איהר, הא? ווען איך וואלט מיך אבער געפיהרט ווי מיינע חבר'טעס אדער ווי מיין שוועסטער די נאר, וואס ווערט אויסגעריסען נאך איהרע יאהרען און טעג, ווייל זי האט זיך צופיעל געהענגט איהר מאנדרע אויפ'ן האלז, וואלט איך שוין — ע־הע־הע!...

— האט איהר אייער מאן נאך גאר נישט געקיסט? — האט די אקושערין נייגיעריג געפרעגט.

— ווי איהר זעהט מיך לעבען. איך ווייס דארטין... די ערשטע צייט... דארט... אזוי...

— און ווי איז עס? — האט דאס מיידעל פערלעגען געפרעגט.

— אט אזוי איז עס! קלערט אייך, עס איז נישט אזוי אנגענעהם. אי, ווי עס ווילט זיך מיר א מאל אנקיסען איהם! איך וואלט איהם דארט זיך אויסקיסען די נשמה.

— איז וואס טהוט איהר?

— וואס, וואס טהו איך?

— אט ווי דריקט איהר אוים אייערע געפיהלען? — האט געפרעגט דאס מיידעל, רויט ווערענדיג.

— איז וואס טהו איך, וואס? — האט דאס ווייבעל איבערגעפרעגט, ווי דאס וואלט געזוכט איין ענטפער אויף די הארבע קשיא. — איך... איך קוק!.

דאס מיידעל האט געמאכט גרויסע אויגען און דאס ווייבעל האט צוגעגעבען:

— איך קוק אוים, קאן איך אייך זאגען, מיין נשמה. אז איך עס מיך איין אין איהם מיט די אויגען איז מיך נישט אבצוריסען פון ארט. איך ווער עפּיס ווי פערכישופ'ט! און מיר איז עפּיס אזוי זים, אזוי גוט, אזוי מחיה'דיג ביי דער נשמה, אז איך וואלט אייביג, אייביג געקוקט . . . אה!.

דאס ווייבעל האט פלוצלינג אריבערגעווארפען די הענד איבער'ן קאפּ, פערמאכט די אויגען און אנגעהויבען שטארקער צו אטמען. די אקושערין האט איהר אראבגענומען די הענד פון קאפּ, געהייסען בערוהיגען זיך, נישט מעהר רעדען און איינשלאפען. דאס ווייבעל האט נישט אויפגעעפענט די אויגען און איינגעלעגט זיך ווי צום שלא־פען. די אקושערין איז אויפגעשטאנען פון בעט און ארוים פון צימער

אוֹיף דִי שְׁפִּיץ פִינְגֶער. מֶען הָאט נָאךְ גֶעהֶערְט, וִוי זִי הָאט אָנְגֶעזָאגְט עֶמִיצֶען אִין צְוַוייטֶען צִימֶער, אַז עֶס זָאל זַיין שְׁטִיל.

דִי קִינְדֶבֶּעטָארִין הָאט אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט דִי אוֹיגֶען אוּנ צוּגֶעהֶערְט זִיךְ צוּ דֶער אַקוּשֶׁערִינְ'ס טְרִיט.

— פַּייוֶועל! — הָאט זִי אוֹיסְגֶערוּפֶען אִין אַ וַויילֶע אַרוּם, וֶוען דִי גַאסְטְטְהִיר הָאט זִיךְ פֶערְמַאכְט.

דִי טְהִיר פוּן צִימֶער הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט אוּנ דֶער מַאן הָאט זִיךְ בֶּעוִויעזֶען אוֹיף דֶער שְׁוֶועל.

— וָואס, פַּייגֶענְיוּ? — הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט, שְׁטֶעהֶענְדִיג אִין טְהִיר.

— שְׁלָאפְסְט גָאר נִישְׁט?

— נֵיין, עֶס שְׁלָאפְט זִיךְ נִישְׁט. וָואס אִיז עֶפִּיס אַזוֹי שְׁטִיל דָארְטִין בַּיי דִיר?

— אִיךְ — אַלֵיין.

— ווּאוּ זַיינֶען דָאס אַלֶע?"

— הָאבֶּען זִיךְ צוּגֶעלֶעגְט. שׁוֹין פוּן אַ הִיבְשֶׁער וַוייִלֶע.

— וָואס טְהוּסְט דוּ?

— אִיךְ קוּק אַרַיין אִין אַ גְמָרָא.

זִי הָאט גֶעזוּכְט וָואס צוּ פְרֶעגֶען אוּנ גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהם.

— אוּנ וִוי פִיהְלְסְט דוּ דִיךְ? — הָאט עֶר וֵוייךְ אוּנ נִישְׁט דְרֵייסְט גֶעפְרֶעגְט, צוּגֶעהֶענְדִיג צוּם בֶּעט.

— גַאנְץ גוּט.

— אוּנ עֶר — — שְׁלָאפְט? — הָאט עֶר וַוייטֶער גֶעפְרֶעגְט מִיט אַ גְלִיקְלִיכֶען שְׁמֵייכֶעל.

— שְׁלָאפְט.

— הוּ־הוּ! — הָאט עֶר תַּמ'עֶוַואטֶע אָבְגֶעלַאכְט.

— אִיךְ וֶועל יֶעטְצְט אוֹיךְ שְׁלָאפֶען, — הָאט זִי גֶעזָאגְט.

פַּייוֶועל הָאט גֶעמַאכְט אַ בֶּעוֶועגוּנְג אוֹיף אַרוֹיסְצוּגֶעהְן פוּן צִימֶער.

— לָאז נָאר אָפֶען דִי טְהִיר — הָאט אִיהם דִי קִינְדֶבֶּעטָארִין גֶעזָאגְט.

פַּייוֶועל אִיז אוֹיף אַ וַוייִלֶע פֶערְשְׁווּאוּנְדֶען אִין דֶעם צְוַוייטֶען צִימֶער. בַּאלְד הָאט עֶר זִיךְ בֶּעוִויעזֶען מִיט דֶער גְמָרָא אִין דִי הֶענְד. עֶר הָאט זִיךְ דָארְטִין אַוֶועקְגֶעזֶעצְט אוֹיף אַ פְּלַאץ, פוּן וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶעקָאנְט זֶעהֶען דִי קִינְדְבֶּעטָארִין. בַּיי דֶעם וַוייבֶּעל הָאט אוֹיפְגֶעבְּלִיצְט אַ פֵּייעֶרְל אִין דִי אוֹיגֶען. אַךְ, זִי הָאט אַזוֹי גֶעוָואלְט עֶר זָאל דָאס טְהוּן, אוּנ נִישְׁט גֶעוָואלְט אִיהם בֶּעטֶען! זִי הָאט זִיךְ אִיבֶּער־גֶעדֶעקְט מִיט דֶער דֶעקֶע בִּיז דִי אוֹיגֶען אוּנ אַייִנְגֶעגֶעסֶען זִיךְ מִיט אִיהר בְּלִיק אִין מַאן. אִיהר הַארְץ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק צוּ קְלַאפֶּען. זִי הָאט עֶס אַייִנְגֶעפְּרֶעסְט מִיט דִי עֶלֶענְבּוֹיגֶענְס, גֶעגְלָאצְט דִי אוֹיגֶען אוֹיפְ'ן מַאן אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְגֶעבֶּען אִיהרֶע מָאדְנֶע פֶערְגְנִיגְטֶע טֶענֶער:

„אוּהוּהוּ, אוּהוּהוּ, אוּהוּהוּ!"...

---

# יוּדִישֶׁע פְרוֹיעֶן.

---

## דָאנַא חַנָה גְרַאצִיַה מֶענְדֶעזַיה.

(עֶנְדֶע).

דִי דְרוּקֶער רַבִּי אַבְרָהָם אוּשְׁקִי אוּנ רַבִּי יוֹם טוֹב עֶתִיאַש הָאבֶּען אִיהר גֶעוִוידְמֶעט פִיעל סְפָרִים, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ בַּיי זֵיי גֶעדְרוּקְט; זִי פְלֶעגְט שְׁטִיצֶען דִי דָאזִיגֶע דְרוּקֶער מִיט גֶעלְד, בִּכְדֵי אַרוֹיסְצוּגֶעבֶּען יוּדִישֶׁע סְפָרִים.

סוֹף כָּל סוֹף הָאט חַנָה גְרַצִיַה גֶעמַאכְט אַ פְּשָׁרָה מִיט אִיהר שְׁוֶועסְטֶער רֵיינֶע, וֶועלְכֶע הָאט אַ פָּנִים פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז זִי הָאט זִיךְ שְׁלֶעכְט בֶּעגַאנְגֶען גֶעגֶען אִיהר שְׁוֶועסְטֶער. חַנָה הָאט חֲתוּנָה גֶעמַאכְט אִיהר שְׁוֶועסְטֶערְס טָאכְטֶער, גְרַצִיַה דִי יוּנְגֶערֶע, מִיט זֵייעֶרֶען אַ קָרוֹב, דָאן שְׁמוּאֵל נָשִׂיא, אוּנ אַז זִי הָאט שׁוֹין פֶערְזָארְגְט אַלֶע אִיהרֶע קְרוֹבִים, נָאהֶענְטֶע אוּנ וַוייטֶע, אִיז זִי אַוֶועק גֶעפָאהְרֶען קַיין קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל. אִיהר טָאכְטֶערְס חָתָן, דָאן יָאהַאן מִיקְוִויס, אִיז דֶערְוַוייל אַרוּמְגֶעפָאהְרֶען וֶועגֶען זֵייעֶרֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אִין אַלֶע גְרוֹיסֶע אֵייְרָאפֶּע־אִישֶׁע שְׁטֶעדְט, אוּנ הָאט בֶּעקוּמֶען בְּרִיעף פוּן דִי גְרֶעסְטֶע לַייט אִין אֵייְרָאפַּא, צוּלִיעבּ וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעקְרִיגֶען צוּטְרִיט צוּ דֶעם שׁוּלְטַאן.

קוּמֶענְדִיג אִין קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל, הָאט חַנָה־גְרַצִיַה אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּפַרְהֶסְיָא פִיהרֶען אַ יוּדִישׁ לֶעבֶּען; דָארְטֶען הָאט זִי זִיךְ וִויעדֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען מִיט אִיהר יוּדִישֶׁען נָאמֶען „חַנָה", אוּנ דָאן יָאהַאן מִיקְוִויס הָאט אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען זַיין נָאמֶען אוֹיף אַ יוּדִישֶׁען — דָאן יוֹסֵף נָשִׂיא. עֶר הָאט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט דִיפְּלָאמַאטִיע אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען אַ שְׁטַארְקֶער חָשׁוּב בַּיי דֶעם שׁוּלְטַאן, אוּנ חַנָה הָאט אַלֵיין גֶעפִיהרְט דִי גְרוֹיסֶע בַּאנְק־גֶעשֶׁעפְטֶען וִוי פְרִיהֶער. זִי הָאט גֶעעֶפֶענְט מִיט אִיהר גֶעלְד שׁוּלֶען אוּנ בָּתֵּי מִדְרָשִׁים, זִי הָאט גֶעגְרִינְדֶעט אַ יְשִׁיבָה אִין אִיהר בֵּית מִדְרָשׁ אוּנ הָאט אוֹיפְגֶענוּמֶען אַלְס רֹאשׁ יְשִׁיבָה דֶעם בֶּערִיהמְטֶען רַב אוּנ גָאוֹן רַבִּי יוֹסֵף אִבְּן לֵב פוּן סַאלָאנִיקַא.

אַז זִי הָאט דֶערְהֶערְט דִי רְדִיפוֹת, וָואס דֶער פַּאבְּסְט פַּאוּל דֶער פִיעֶרְטֶער רוֹדֵפְ'ט דִי אֲנוּסִים אִין אַנְקָאנַא, הָאט זִי נִיט גֶערוּהט בִּיז זִי הָאט גֶעפּוֹעֶלְ'ט דוּרְךְ אִיהר אֵיידֶעם דָאן יוֹסֵף נָשִׂיא בַּיי דֶעם שׁוּלְטַאן, אַז עֶר זָאל בֶּעפֶעהלֶען דֶעם פַּאבְּסְט, פְרַיי צוּ לָאזֶען אַלֶע אֲנוּסִים, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעוֶוען אוּנְטֶערְטַהאנֶען פוּן דֶער טֶערְקִישֶׁער מְלוּכָה. דֶער פַּאבְּסְט הָאט גֶעמוּזְט נָאכְגֶעבֶּען דֶעם שׁוּלְטַאן אוּנ בֶּעפְרַייעֶן פִיעל אֲנוּסִים, נָאר אֵייניגֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען פִיר זִיךְ נִיט גֶעהַאט קַיין בֶּע־שִׁיצֶער, זֶענֶען פֶערְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען אוֹיף קִדוּשׁ הַשֵּׁם.

בִּכְדֵי נוֹקֵם זַיין אָן דֶעם פַּאבְּסְט, הָאט זִיךְ חַנָה־גְרַצִיַה מִיט דָאן יוֹסֵף נָשִׂיא בֶּעשְׁלָאסֶען אָבְּפִיהרֶען דֶעם הַאנְדֶעל פוּן אַנְקָאנַא נָאךְ דֶער שְׁטָאדְט פִּיזַארַא. חַנָה הָאט גֶעבֶּעטֶען דִי רַבָּנִים, אַז זֵיי זָאלֶען מַאכֶען אַ חֵרֶם אוֹיף דֶעם הַאפֶען (בְּרֶעג פוּן יַם) פוּן אַנְקָאנָא, אַז קַיין יוּדִישֶׁער סוֹחֵר טָאר נִישְׁט פִיהרֶען אַהִין זַיינֶע שִׁיפֶען. צוּם אוּמְגְלִיק אָבֶּער הָאבֶּען דִי אַנְקָאנֶער יוּדֶען אַייִנְגֶערֶעדְט דִי רַבָּנִים, אַז אוֹיב דֶער חֵרֶם זָאל אָנְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, זֶענֶען זֵיי, דִי אַנְקָאנֶער יוּדֶען, אִין סַכָּנָה, וָוארוּם דֶער פַּאבְּסְט וֶועט זֵיי פוּן כַּעַס אַלֶעמֶען אוֹיסְהַרְגֶ'עֶנֶען, אוּנ

דעריבער זענען איינינע רבנים ארויסגעטרעטען געגען דעם חרם, און פון חנה'ס נקמה איז נישט געווארען.

שוין פון לאנגע יאהרען האט דאן יוסף נשיא געהאט אין רעיון, צו גרינדען אנ'איינענעם לאנד פאר יודען. אז ער איז געווארען שטארק חשוב ביים שולטאן, און אז דיעזער האט איהם געשענקט די שטאדט טבריא אין ארץ ישראל, מיט נאך 7 דערפער דאצו, האט ער אנגעהויבען טראכטען וועגען בעזעצען יודען אין ארץ ישראל. ער האט געלאזט בויען הייזער און פאבריקען, פלאנצען בוימער, און דערויף האט זיין שוויגער חנה-גרציה ניט געשפארט קיין געלד, דען דער דאזיגער רעיון איז ביי איהר געווען היילינ.

נאר 58 יאהר האט געלעבט די דאזיגע גרויסע פרוי, זי איז געשטארבען אים יאהר 1568 אין קאנסטאנטינאפאל, און איהר נאמען איז פערשריבען געווארען מיט גאלדענע אותיות אין דער יודישער טרויעריגער געשיכטע.

---

דאס איז דאס בילד פון אנ'אמת'ער יודישער פרוי, א פרוי, וועלכע האט איהר גאנצען לעבען מפקיר געווען פאר איהר פאלק, איין אריסטאקראטישע, זעהר רייכע פרוי, וועלכע וואלט געקאנט לעבען רוהיג און אין נחת, ווען זי זאל ניט האבען תמיד אין זינען איהר אונגליקליכעס פאלק, איהר היילינע אמונה, א פרוי וואס איז געטויפט געווארען, געהאט תמיד געשעפטען מיט מלכים און דוכסים, און גע-האט אויך פיעל כבוד פון זיי; אזא פרוי האט ניט פערגעסען איין רגע איהר אומה און איהר אמונה, פון וועלכע מען האט זי אבגעריסען מיט געוואלד.

שלמה בערמאן.

---

# פראגען און אנטווארטען.

פ ר א ג ע: איך בעט ענטפערען, ווי אזוי רייניגט מען א זיידענעם טלית, וואס אויף איהם איז אראפ געקראכען דורך נעך רויטע פארב פון ארויט בולוועטען טלית זעקעל? מען האט שוין פראבירט אלערליי פאלקס-מיטלען, ווי למשל: איינינע סארטען זייפען, בענזין, כלאראפארם, גארטשיצע א. ד. ג. און די פארב רידהרט ניט פונ'ם ארט.

אכטונגספאל. ביילה גרייזמאן Nr. 229

א נ ט ו ו א ר ט: וואהרשיינליך איז די רויטע פארב אנילין פארב; כמעט אלע אנילין טינט פלעקען וואשען זיך אויס אין שטארקע שפיריטוס, אלזא פראבירען זי וואשען עטליכע מאל אין שפיריטוס, און לעגען זי דאס פאר דער זון, ביז עס וועט פערבלייבען די פארב.

פ ר א ג ע: ווי אזוי רייניגט מען די ווערעם פון קינד. קיין שטארקען סם קען איך ניט בענוטצען, ווייל איך האב קליינע קינדער. די ווערים זענען געלע. מען רופט זיי פראנצויזען?

עלקע ראטהבערג בערדנארסקא Nr.11

א נ ט ו ו א ר ט: פראנצויזען, רוסען, שוואבען, זשאנדארען דאס איז אלעס איין גרופע. אום זיי צו פערטילגען דארף מען צום ערשטען פערקלעפען מיט לעהם אלע שפאלטען אין קיך, אויך די פוגען פון די קאכעל; מיט איין ווארט וואו נאר אין קיך ווערעם פערשטעקען זיך, און דער נאך אבקאלכען די לעהם. ביי נאכט זאל מען איינטונקען

א טיכעלע אין ביער, אדער צושטויסען בארא‌קס און פערמישען מיט צוקער, אויסשפרייטען דאס אונטער א נאס טיכעל. אז מען שטעהט אויף אין דער פריה געפינט מען דאס טיכעל בעלאגערט פול פון דער "חברה ווערים". מען ווארפט אריין דאס טיכעל אין א עמער הייסע וואסער. אזוי טהוט מען איינינע מאל ביז עס בלייבט ניט פון זיי קיין זכר. פ.—ש.

פ ר א ג ע: ווי ווערט מען פטור פון א גריל?

א נ ט ו ו א ר ט: דערצו איז דא א גאנץ געוואהנליכער מיטעל. היינו מען קויפט אין אפטייק פאר א פאר קאפייקען אינזעקטען-פול-ווער און מען שפריצט עס אריין אין דעם ארט פון וואנען דאס גרילצען הערט זיך און דער זינגער וועט ענטשווינען ווערען.

---

# אלערליי.

(א נ י י ע ז ע נ ג ע ר י ן). אין אמעריקא רעדען אלע בלעטער פון א נייע נאך גאר יונגע זינגערין, וועלכע האט איין זעלטענעם קול. דאס יונגע מיידעל עדיט העלענאר אויס פלארידא זינגט די העכסטע טענער פון א פידעל און עס איז בשום אופן נישט מעגליך צו דערקענען צי עס זינגט עס א מענש צי עס שפיעלט א פידעל, אפילו די גרעסטע פראפעסארען און קינסטלער אין מוזיק דערקענען עס נישט. פריילין העלענאר קומט ארויף אויף דער ביהנע מיט א פידעל אין האנד, שפארט עס אן אונטער די באק, פיהרט מיט דעם סמיטשיק איבער די סטרונעס, שטעלט די פינגער פון דער צווייטען האנד אויף די סטרונעס לויט די כללים פון מוזיק און עס הערט זיך די העכסטע, טיעפסטע, שענסטע און רידהרענדסטע קולות וואס א פידעל קען נאר ארויסגעבען. דאס שפילט אבער נישט די פידעל ווי דער צוהערענדינער עולם מיינט, נאר דאס זינגט פריילין העלע-נאר, און דאס פיהרען מיט דעם סמיטשיק איבער די סטרונעס און מאכען מיט די פינגערס איז נאר כדי לייטען זאלען מיינען, אז דאס שפיעלט זי מיט'ן פידעל; באמת אבער איז דער סמיטשיק און די סטרונעס פון פידעל בעשמירט מיט זייף, כדי מען זאל מיט דעם פידעל נישט קענען שפיעלען. בשעת זי הויבט אן זינגען האלט זי די ליפען כמעט צו געשלאסען, דערנאך אבער עפענט זי די ליפען מעהרער און מעהרער, הערט אויף צו פיהרען מיט דעם סמיטשיק און זינגט פונקט די איינענע טענער פון פידעל, נישט צו דערקענען.

(א פ ר ו י א ב ר י ע פ ט ר ע נ ע ר י ן). די אלטע "פעפי"—אזוי רופט מען א פרוי א בריעפטרענערין אין דרום טיראל (אין עסטרייך)—האט נישט לאנג, נישט ווילענדיג געמוזט איבערגעבען איהר שטעלע, אלס בריעפטרעגערין דעם נייעם בריעפטרעגער, וואס די פאסט האט בע-שטעטיגט. די דאזיגע פרוי "פעפי", אדער ווי זי הייסט גענאפעפא עשנ-פעלער איז שוין אלט, אבער דאך נאך גענוג שטארק און פריש. 55 יאהר כסדר האט זי געטראגען בריעף פון מעראן ביז האפלינג, א שטרעקע פון 1000 מעטער. א חוץ איהר הכנסה, וואס זי האט פון דער פאסט בעקומען האט זי פערדיענט נאך 6 גולדען א יאהר פון דער אויגנס-בורגער אבענדצייטונג פאר וועלכע זי פלעגט טראגען פאקעטען; די אלטע "פעפי" קען נישט לעזען, נישט שרייבען, דער פאסטמייסטער פלעגט איהר פארלייענען די אדרעסען, זי פלעגט זיך בשעת מעשה איינקוקען שטארק אויף דעם בריעף און האט שוין געדיינקט וועמען מען דארף די בריעף אבגעבען. שטארק ברוגז פלעגט זי ווערען, אז זי האט געברויכט צו טראגען "מוסטערן" אדער "פרייזקוראנטען", דאס איז שוין גאר איין "איבריגס", פלעגט זי זאגען, און פלעגט טאקע אפט נישט אבגעבען. די אלטע בריעפטרעגערין איז געווען ביי אלעמען בעליבט.

# פערלאג „פאלקס-בילדונג“.

דאס גרעסטע טהייל פון אונזער פאלק רעדט און פערשטעהט נור זשארגאן און דעריבער ווער עס וויל איהם נוטצען ברענגען מוז איהם געבען צו לעזען אין דער שפראכע וואס ער פערשטעהט. ליידער נישט אלע מאל גיבט מען דעם פאלק צום לעזען דאס וואס קאן איהם נוטצען. אדער מען גיבט איהם לעזען די שמוטציגע מארק-ליטעראטור, ווי די בעקאנטע העכסט אינטערעסאנטע ראמאנען, אדער מען גיבט איהם לעזען אזויגע זאכען וואס זענען צו הויך, צו טיעף פאר איהם, און געשריעבען אין א שווערע שפראכע, וואס נישט אלע קענען דאס פערשטעהן.

מיר אבער ווילען געבען דעם פאלק צו לעזען דאס וואס ער האט באמת נייטיג, דאס וואס קאן איהם אמת'ע נוטצען ברינגען, און צו דעם צוועק האבען מיר געגרינדעט דעם פערלאג „פאלקס-בילדונג“.

מיר געפינען פאר נייטיג מודיע צו זיין, אז דער פערלאג איז ניט געגרינדעט געווארען אויף היגערשע פיסלעך, ווי דער שטייגער איז ביי דאס רוב יודישע פערלאגען. דער נייער פערלאג „פאלקס-בילדונג“ האט א בעזונדער גרויסען גרונד-קאפיטאל, וואס דאס האט אונז די מעגליכקייט געגעבען איינצולאדען אלס שטענדיגע-מיטארבייטער די בעסטע יודישע פאלקס-שרייבער און נישט שפארען קיין הוצאות אום אונזערע אויסגאבען זאלען אינטערעסאנט און ניטצליך זיין אין אינהאלט און אין אויסזעהן.

פון די אבטהיילונגען פון פערלאג, וואס מיר רעכענען דא אויס, וועט דאס געעהרטע פובליקום איינזעהן, אז אונזער צוועק איז צו געבען דעם פאלק איין אמת ניטצליכע בילדונג, בילדונג וואס וועט איהם נוטצען סאי אין וועלטליכען, סאי אין יודישען לעבען. בילדונג וואס וועט אין איהם ווידער אויפוועקען די הייסע ליעבע צו אונזער אלטען היים, צו אונזער אלטע אבער אמת'ע נאציאנאל-שפראך, צו לשון קודש; זיא וועט איהם ווייזען אונזער רייכקייט וואס מיר האבען אמאל פערמאגט, וואס מיר פערמאגען אצונד, און דאס וואס מיר האפען נאך אמאל צו פערמאגען.

## אין פערלאג וועלען זיין די דאזיגע אבטהיילונגען:

1. **אמונה און מוסר.** ביכער און בראשורען וועגען רעליגיאן און מאראל אין א לייכטע שפראכע.
2. **פאך-ביכער.** ביכער און בראשורען צו לערנען פערשיעדענע מלאכות, מיט אילוסטראציעס.
3. **לעהר-ביכער.** ביכער און בראשורען צו לערנען די ניטצליכסטע און נייטיגסטע שפראכען.
4. **וויסענשאפטליכע ביבליאטהעק.** פערשיעדענע פאפולערע ביכער אין אלערליי וויסענשאפטען, אין א גרינגע שפראכע; וואו עס וועט נייטיג זיין אויך בילדער און אילוסטראציעס.
5. **ביאגראפישע ביבליאטהעק.** בעשרייבונגען פון בעריהמטע גרויסע מענער, יודישע און נישט יודישע.
6. **יודישע געשיכטע.** היסטארישע ערצעהלונגען וואס וועלען דעם פאלק בעקאנט מאכען מיט זיין געשיכטע.
7. **בעלעטריסטישע ביבליאטהעק.** ערצעהלונגען פון יודישען און וועלטליכען לעבען.
8. **ציוניסטישע ביבליאטהעק.** א סעריע בראשורען וועגען ציוניזם און זיינע פיהרער.
9. **יודישע פרויען - ביבליאטהעק.** פערשיעדענע ביכער פאר יודישע פרויען, וואס וועלען זיי נוטצען ביים קינדער-ערציעהען, אין דער בעל-הבתי'שקייט און אין לעבען.
10. **יודישע צייטונגען.**

אדרעסע:

**Книгоиздат. „ТУШІЯ“ для „Фолксбилдунгъ“, Варшава.**

**Verlag „Tuschljah“ für „Volksbildung“, Warschau.**

מינדליך: ווארשא, נאוואליפקי, הויז 7 №, וואהנונג 9.



Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau